י. קערלער

# פאר מײַן ערד



מעלוכע פארלאג „דער עמעס“
1944

יוסעף קערלער

# פאַר מײַן ערד

אָגיז
מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע, 1944

מקישענ, דעם העלדיש־געפאלענעם
ברודער מײַנעם
אב אַנרענע



# געזעגעניש

געליבטע, בא ליבשאפט בא מײַנער איך שווער —
פארניכטנ דעם פײַנט אפ דער שוועל פונ מײַנ ערד!

אויב אײַנזאַם וועט קומענ מײַנ פערד צו דײַנ פלויט,
ניט גלייב, אז דער סוינע האָט מיך שוינ געטויט.

אונ וועט מענ דיר ברענגענ ס'פארבלוטיקטע העמד,
פארברעכ ניט אינ ווייטעק די מיידלשע הענט.

נאָר וועט מענ דיר ווײַזנ מײַנ ביקס אונ מײַנ שווערד,
ווייס, אז געפאלנ בינ איך פאר מײַנ ערד...

דאנ נעמ דאָס געווער, דײַנע אויגנ וויש אויס
אונ גײ קעגנ סוינע אינ שלאכטפעלד ארויס.

געליבטע, בא ליבשאפט בא דײַנער דו שווער —
פארניכטנ דעם פײַנט אפ דער שוועל פונ מײַנ ערד.

נאָסקווע, 1940.

## די שווערד

אַמאָל איז אַ דיכטער געפֿאַלן אין שלאַכט,
האָט מען פֿון דאָרטן זײַן שווערד מיר געבראַכט...

אַ שווערד ווי אַ שווערד, נאָר זי זינגט אינעם גאַנג.
ער האָט זי געשלײַפֿט בײַ זײַן שענסטן געזאַנג.
היט איך זי אָפּ, ווי דאָס אויג פֿונעם קאָפּ,
קיין שטויבעלע פֿאַלט אויף איר שאַרף ניט אַראָפּ.

די טײַכן און בערג און די פֿרײדיקע ליד
פֿון פֿעלדער און וועלדער אין רוישיקן בליִ,
מײַן קינד און מײַן מאַמע, מײַן הימל און ערד
שפּיגלען זיך אָפּ אין דער לויטערער שווערד.

ווי קאָן זיך פֿאַרטעמפּן איר מעכטיקער בלאַנק —
ער האָט זי געשלײַפֿט בײַ זײַן שענסטן געזאַנג.

דער שווערסטער געראַנגל—ער הייבט זיך שוין אָן —
לאָמיר אַ הייב טאָן די שווערד ווי אַ פֿאָן!

אַמאָל איז אַ דיכטער געפֿאַלן אין שלאַכט,
האָט מען פֿון דאָרטן זײַן שווערד מיר געבראַכט...

1940.



## פֿאַר דער שלאַכט

מײַן אומגעדולדיק פֿערד
קלאַפּט שוין מיט דער טלאָ,
אינעם כמאַרנע הימל
קרײַזלט זיך אַ קראָ...

קרײַזלט זיך אַ קראָ,
נאָר ניט אויף מײַן געביין —
אויף דעם, וואָס האָט דעם טויט געבראַכט,
נאָר אויף אים אַליין,

אויף דעם, וואָס איז באַפֿאַלן מיך
און מײַן ליבן קאַנט.
ס'וועט בײַ מיר קיין ציטער טאָ
אין געשלעג די האַנט!

קוקט נאָר אויפֿן קוילער,
ווי צו אים און ווינד!
פֿון רעציכע זײַנען
זײַנע אויגן בלינד.

זען באַזאָרג איך שנײַדן
זײַנע וויסטע יאָרן.
שאַרפֿער מײַנע אויגן
שלײַף, גערעכטער צאָרן!

1942.

## צושליסן טיר־און־טויער

צושליסן טיר-און-טויער — !
אלציינס פאַר פרייד, ווי פאַר טרויער.

פאַרגעסן די שטוביקע שוועלן,
אויב זיי פירן צו טיפן פון עלנט.

איינס איז אין לעבן איצט נייטיק:
טרעפן דעם פײַנט און אים טייטן.

די גיפטיקע אויגן פאַרשפּײַען
מיט צאָרנדיק בלײַ און פײַער.

פאַרשפּײַען דעם ראָצכישן פאַרצעפּ
ביזן בלוט, ביזן ביין, ביזן האַרצן!

קאָלזמאַן דאָס געביין וועט ביט פוילן
פונעם לעצטן פאַשיסטישן קוילער—

צושליסן טיר-און-טויער—
אלציינס פאַר פרייד, ווי פאַר טרויער —

הינטער מאָסקווע, 1941 י.

## היימלאַנד

1

פאָטערלאַנד, מײַן אויסדערוויילטער ווײַ,
מײַנע ליפּן לעש איך אין דײַן שניי...

אין דײַן אומדו איז מײַן בליק פאַרשאַרפט,
ווייסטו, וואָס אין לעבן איך באַדאַרף? —



זײַ מיר נעענטער פון מײַן געזאַלצן העמד,
ווען דאָס האַרץ פון בענקשאַפט איז פאַרקלעמט.

ווען אַרום איז כמאַרעדיק און שוואַרץ,
זאָל דײַן וואָלגע־ליד א שטראָם טאָן פונעם האַרצן!

זאָלסט זיך שפּיגלען אין מײַן לויטערן געוויסן,
און ווען איך פאַל, די אויגן מיר פאַרשליסן.

2

פון אויגן מײַנע נעם די שײַן,
פון לונגען — דאָס געדעכן,
לאָז איבער מיר דעם האַס צום פײַנט,
דאָס רעכט אַף זײַן גערעכט!

קיין קינד, קיין ווײַב, קיין ברעקל דאַך,
און ס'איז מײַן לײַב צעאַשט...
צי דאַרף אַזאַ מין מענטש אַ סאַך?
לאָז איבער מיר דעם האַס!

ווי אַף דער טליִע קרעכצן שטריק,
סע קרעכצט מײַן בלוט אין אָדער —
מײַן ערד, מײַן ווײַב פאַרגוואַלדיקט ליגט
און וויינט, און מאָנט, און פאָדערט.

סע שלײַדערט מיך אַרום איר פּײַן
און טרײַבט מיך אום און רודעפט —
לאָז איבער מיר דעם שטאַרקן ווײַן
פון סוינעס לעצטן שוידער!

פון אויגן מײַנע נעם די שײַן,
פון לונגען — דאָס געדעכ,
לאָז איבער מיר דעם האס צום פײַנט,
דאָס רעכט אפּ זײַן גערעכט!

אירקוטסק, אָקטיאַבער 1943.

## ניט אומזיסט!

מעג צעשטויבן דער ווינט מײַן געביין
ערגעץ־ווו בא א פרעמדן פּלויט,
זאָל קלאָר זײַן פאר מיר נאָר אליין —
ניט אומזיסט איז געוועזן מײַן טויט.

ניט אומזיסט איז געוועזן מײַן פײַער
און דאָס שארפע געבלענד פונעם שפּיז
פאר אלץ, וואָס געוועזן איז טײַער,
פאר אלץ, וואָס געוואָרן איז וויסט.

פאר יעדער געשענדעטער קאלע,
פאר יעדער דערוואָרגענער ליד,
פאר מײַן וויגלאנד, וואָס ליגט פארכאלעשט
אונטער טעמפּע פרײַסישע טריט.

פאר מײַן יונג־פארשניטענעם ברודער,
פאר דעם וויי, וואָס איז קארג אפּ א טרער.
ניט אומזיסט האָט אין בלוטן ברודנע
געשווענקט זיך מײַן זויבערע שווערד!

קאלינינער פראָנט, 1942.



* * *

...די מוטער, וואָס איז איינע
איבער וועלט־געפעכטן,
ווילן זיי פון קינד אנטווײַנען
און דערנאָכדעם שעכטן;

און דאָס הארץ אין בלויען פײַער
אײַנגעליבט, אין זועסנע,

ווילן זיי אפּ בלינד פארשפּײַען,
ווערעמדיק עס פרעסן...

ווו א טרערעלע — פארסארפּעט,
ווו א פרייד — איז טרייפ.
ביז איך וועל זיי ניט פארווארפן
אפּן האלדז א שלייף.

1943.

## סינע

מײַן סינע ז׳וואָגיק־שווער:
זי וועגט
א בלוטנדיקע ערד,
וואָס ליגט פארגוואלדיקט,
לעכצנדיק נעקאָמע;
זי וועגט
א זעלבערישע טרער
באם בלוי־פארשטילטן ברודער־לײַב
אפּ שליאכן פון מילכאָמע..

איר וויג —
א שטאַרער מוטערלעכער בליק,
וואָס ווייסט:
ס'וועט זיכ ניט אומקערנ צוריק
די לעצטע טרייסט...

זי וועגט א שווערע בענקשאַפט,
וועלכע ציט
צו היימישע פאַרשמאַכטע שליאַכנ,
אונ טעג, ווי יאָרנ, זי פאַרגליט
אינ האַרצ דעמ דאָרשטיק-וואַכנ.

אז וויל איז דעמ, וואָס הייבט זי אופ
אפ זײַנע פּלייצעס פעסטע
אונ מײַדט ניט אויס קיינ טראָפּנ וויי,
קיינ טרערעלע פאַרגעסט ניט.

אונ קאָנ זי ריכטנ שאַרפ געצילט,
אינ סוינעס האַרצ געדיכטנ. —
קיינ לעבנ איז פאַר דעמ ניט פיל —
דעמ טויט אפ טויט פאַרניכטנ!

1943 יאָר, טאַשקענט.



# אינ א יידיש דאָרפ

1

אונטער ווײַנשל-ביימער האָבנ זיכ צעשאָטנ
ווײַסע שטיבער.
איבער אלצ — א שאָטנ
פונ א באָמבאַרדירער...

אומגעוויינלעכ איז דער הימל בלוי
אונ טריפט
א טיפע שטילקײַט אפ די דעכער,
אונ בײַ א שוועל
א מיידעלע פאַרטרויט
שפּילט אינ זונענ-פלעקנ ווי מיט צייכנ...
אונ ס'ליגט איר בײַ די פיס
אזא געהאָרכזאַמער דער סטעפּ,
פאַרזשמורעט אינ א כידעשדיקנ שמייכל:
— ווער האָט אהער א וואָלקנדל פאַרשלעפּט
אפ אזעלכע דורכזיכטיקע הייכנ?..

...דאָרט ווי-ניט-ווי א רויכל פריילעכ ציט,
בײַמ סאַמע קוימענ טײַעט עס פונ טײַנעג;
אונ שמעקעוודיק א טעפּל שוינ פאַרזידט,
אינ אויוונ זאָרגלאָז בולקעט עס אונ טײַנעט;
א מאַמע שטיל-פאַרדײַגעטע דערבײַ
שטייט פאַרפאַליעט בײַ דעמ וואַשנ.
זי הערט עפּעס, נאָר ס'איז ניטאָ קיינ צײַט
א קוק טאָנ, וואָס זשע הודזשעט עס אינ גאַס דאָרט...
די שלאַנקע יידישקעס, פאַרנומענ אפנ גאָרטנ,
באַכּורימ ברוינע — בײַ די קלינגעוודיקע גראַבנ
אינ מי פאַרפאָרעטע, מע זעט אימ גאָר ניט,
דעמ אומגליק-אָנזאָגער — דעמ שפּאַרבער.

און קיינער ווייסט נאָכ ניט
פונ וואָגלעניש און שרעק,
ווי קינדער איז מענ שמייכלענדיק-פארטרויט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אלע ווענג האָב איכ דאנ פארמעקט
כוצנ וועג, וואָס פירט צום סוינעס טויט.

2

— רעב ארנ, הא, רעב ארנ,
נו, כאווער בריגאדיר!..—
שטייט א מענטש און קײַעט זיכ א שטרוי,
הערט ניט, הערט ניט,
ווי דער קוילער באָמבארדירט
שוינ גאָר ניט ווײַט...
ס'גייט כאָדאָראָם דזשאנקאָי,
ס'גייט כאָדאָראָם קאָלײַ!..
— רעב ארנ, הא, רעב ארנ,
עפשער וואָלט געווענ א טאכלעס
מער ניט הארנ?!—
— נו, וואָס האָט איר זיכ אָנגעוואָרפנ אפ א מענטשנ!
רעב ארנ איז דאָכ ניט קיינ פיצל קינד!
נו, לאָזט א ווײַלע קוקנ אפנ פעלד,
וואָס ליגט פארקלעמט דאָ:
אָפרײַסנ די אויגנ פונ א היים
דארפ מענ פאָרזיכטיק —
מע זאָל ניט ווערנ בלינד...
אז וואָס איז דאָ, מישטיינסגעזאָגט, געווענ!
א ברעקל גרינס?
קורײַ פארדארטער, סטעפ און סטעפ,
און ווינטנ נאקעטע אפ גרויענ סאָלאָנטשאק!



ביז וועלבנ שווייס און ריפנ-בראָכ
האָט מענ עס דאָכ
מיט היימישקײַט,
מיט ווארעמקײַט,
מיט קינד-און-זינד באלעבט...
איז גיי, רעב ארנ, איצט מיט האק-און-פאק,
איז גיי פונ דעם אוועק!..
זיבנ באָנימ,
בא דעם זיבעטנ האָט דאָס אים פארלאָזט
אפ דער אוקראִינער נאָכ,
אינ גאָלטע...
און דאָ האָט זיכ די ערד פונ דאָרשטיקײַט געשפּאָלטנ,
האָט ער מיט זיבנ פרישע בײַטײַכנ
זיכ אפ דער טריקעניש געלאָזט..
אליינ דעם ערשטנ ארטיזאנ געהאקט,
די ערשטע שוועל, און צו דער שוועל — א שטעג.
איז נעמ און גיי פונ דעם אוועק
מיט האק-און-פאק...
ניט נאָר דער היימישער קאָלכאָז,
דער נאָרער קאנט, רעב ארנ,
דער גאָריער קאנט, וואָס באמ סיוואש,
פלעג ליבנ דײַנע קלוגע הענט.
איז וואָס זשע?
האָבנ זיי זיך אפ דער עלטער דענ באנארישט?
זיי הענגענ דאָכ אפ דיר אציגנד
ווי שווערע פרעגנ!..
נו, הארגעט אימ,
ווער נעמט עס און פארלאָזט
אזא מינ ראכוועסדיקנ גוט,
אזא מינ אויסגעווייטיקטנ מאיאָנטעק!..

זיבן זין האָט כאַנע אים געלאָזט,
זיבן צאָרנדיקע בײַטײַכן מיט אייגן בלוט
האָט ער אליין
צעשיקט אָפּ זיבן פראָנטן.

וואָס קוקט אַפּ אים אַ טרויערדיקער טראַקט —
אַ שפּאָגל-נײַע סעדרע וואָגלען?
קאָן זיך געפינען דען אזא מין שלאק,
וואָס זאָל אַ זאָג טאָן:
— נאט אײַך,
נאט מײַן אלטן האלדז-און-נאקן —
טרײַבט! —
איז עפּשער,
עפּשער וואָלט ער פארן אומגליק נאָך
דעם שליאַכ געפּרווט פאַרהאַקן
מיט זײַן אייגענעם, זײַן אָדערדיקן לײַב?..
— רעב ארן, הא, רעב ארן,
הערט נאָר, הערט: דער קוילער באָמבארדירט!
זאָג שוין, זאָג, וואָס טוט מען, וואָס?
ביסט עפּעס דאָך בא מענטשן בריגאדיר,
דער איינציקער,
דער פּאָלנער באַלעבאָס.
איז עפּשער טאַקע שפּאַנען די מאָזשארעס,
הא, רעב ארן?
— וואָס איז?..
וואָס איז געשען?!
וואָס דרייט מען זיך פאַרפינצטערטע ארום
בא בלינדע קלוניעס און אמבארן
אזוי זיך אום און אָפּ?..
וואָס האָבן ווײַבער זיך צעיאַכמערט אַפּ די פּעק?
אזא כעוורײַע אַפּ מײַן קאָפּ,



אזעלכע שלעק!
מע דרייט זיך אום, ווי גאָר ניט הי,
און זאָל עס עמעצן כאָטש ארן
צונויפטרײַבן דאָס ביסל פי!
און זאָל אַפּ עמעצן אַ ברען טאָן כאָטש די הויט,
אז צינדן דארף מען די אמבארן
און אָפּסאמען,
יאָ, אָפּסאמען די סקירדעס ברויט!..

...איז גייט און לאָזט אַ ווײַלע נאָך
דאָס ראכוועס טאָן אַ מעסט.
ס'איז ארן ניט קיין יינגעלע.
אוי, ניט קיין פּיצל קינד —
ער ווייסט, אז אָפּרײַסן די אויגן פון אַ היים
דארף מען פּאָרזיכטיק —
מע זאָל ניט ווערן בלינד...

## מײַן טאַטנס ווײַנגאָרטן

איך קאָן שוין מער ניט קומען
צו מײַן טאטן אינעם ווײַנגאָרטן,
איך קאָן שוין מער ניט קומען...

מיר האָבן ווי אַ קינד געכאָוועט אים
אזויפיל שווערע זומערס!

מיט ער מיט האַרבסטיקער, מיט ווארעמער,
פלעגן מיר דעם ווײַנגאָרטן פּארדעקן,

אז קיין בייזע פרעסטלעך
זאָלן אים ניט שרעקן,

אז קײנ װינט-זאָל זײַנע צװײַגנ
פונעם שלאָפ ניט װעקנ...
פרילינג פלעגנ מיר אימ שטענגלעכ שטעלנ,
צו דער זונ זאָל ער זיכ ציִענ,
צו איר צאַרטנ צויבער,
אז דער שמײכל פונ מײַנ פאָטער
זאָל זיכ שפּיגלענ העלער
אינעמ כוידעש אװגוסט, אינ די ערשטע טרויבנ...

קומענ פלעגנ קאלע-מײדלעכ שלאנקע
מיט שװארצע צעפּ אריבער שטילע אקסלענ.
אינ הענט אינ זײערע, װי טײַכלעכ קלאָרע,
פלעגנ בלאנקענ
פלינקע מעסערס...
אונ מיט פולע, צאפּלענדיקע קערב
פלעגנ זײ זיכ זינגענדיקע
אומקערנ צוריק...
זקײנימ
(גאָלדענע שטראלנ אפ זילבערנע בערד)
פלעגנ דעמלט פרײלעכ-טרויערדיק
א װאָרפ געבנ א בליק
אהינ, צו יאָרנ פונ דער יוגנט,
די העט-פארפלויגענע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ אז איכ װעל שוינ קומענ
צו מײַנ טאטנ אינעמ װײַנגאָרטנ,
אונ אז איכ װעל שוינ קומענ,
װאָס זשע װעל איכ טרעפנ דאָרטנ, —
אויסער אש אונ אומעט?..
סײַדנ די יידישע טעכטער,
װאָס פלעגנ די װײַנטרויבנ קלײַבנ, —



געשענדעטע פארנ שעכטנ
קאלע-מײדלעכ אונ װײַבער...
סײַדנ די קרעכצנדיקע בײנער,
װעלכע זײַנענ פארבליבנ
פונ די פרײלעכע זקײנימ,
פונ די האָרעפּאשנע יידנ?..

אװעק איז ער מיטנ רויכ,
מײַנ טאטנס װײַנגאָרטנ,
מיטנ רויכ אװעק...
ביזנ װאָרצל אויסגעהאקט
האָט אימ דער דײַטש
מיט פײַערדיקע העק!

אונ מײַנ פאָטער װאנדערט אויס
דאָס ביסל עלטער
װײטעקדיק-פארקלעמט:
— גיב אָפּ, — זאָגט ער, —
פונ לײַב דאָס לעצטע העמד,
פונ לײַב —
די זיבעטע, די לעצטע הויט גיב אָפּ,
נאָר מיט אש פונ אונדזער װײַנגאָרטנ
דעמ גאָרגל פונעמ לעצטנ דײַטש
פארשטאָפּ!





## ס׳וועט עפּשער שפּעטער...

ס׳וועט עפּשער שפּעטער גרינג זײַן צו דערמאָנען
דאָס ערשטע בייזע פרעסטל אַפּ די האָר, —
ס׳גייט מיר נאָך די דאָרפישע לעוואָנע,
ווי א שטאָלצער גוואַרדיע-דאָזאָר.

שוין וויפל מאָל מיך האָבן אויסגעהיט פון טרויער
און, ווער קאָן וויסן, עפּשער אויך פון טויט,
דער אַלטער קליאָן, דער פרישער סקריפּ פון טויער,
דער שיקערדיקער דופט פון היימיש ברויט...

מיר טרעטן אָפּ, פאַרקלעמט פון שטאָל און פײַער,
א שווערער שטויב ליגט ביטער אַפּ די ציין,
נאָר ס׳גייט אונדז נאָך א מוטערלעך-געטרײַע
אין טיפער וווּנד — מײַן וווּנדערלעכע היים...

דערפער ברענען. פלייטים אַפּ די שליאַכן...
וויגלאַנד מײַנס, מיר וועלן קומען צריק!
סײַדן איבער אָפּגרונטן פון שלאַכטן
בלײַבן מיר פאַר ברידער, ווי א בריק...

זאָלט איר דעמלט בענטשן אונדזער ווייטעק,
אונדזער שטאָלצן, בלוטנדיקן דאָר...
ס׳גייט מיר נאָך דאָס היימלאַנד ווי א צווייטלינג,
ווי א טרײַער גוואַרדיע-דאָזאָר.

וויאַזמע, 1941.



## הינטער מאָסקווע

ס׳וועלן מײַסעס — וואַנדערער אין פאָלק פון מויל צו מויל —
דערציילן, ווי ס׳איז אומרויק אין ביקס געווען די קויל...
ווי דער פראָסט האָט ניט באַוויזן טריקענען די שווייסן,
ווי דאָס לאָשן פלעגט זיך לעשן מיט א וואָרט א הייסן.

שטעגלעך שנײַ פאַרשמיסענע, פון ווזוואָדן — א פאַרפלייצונג,
מאָסקווע האָט געאָטעמט אונדז אין די פאַרשנייטע פלייצעס...

אויסגעשטאַנען זײַנען מיר די שטאָט אין שלאַכטן שווערע
ביז צו קאַרבן האַרבע אַפּ נאָך פרישע שטערנס,
ביז צו פּאַסן זילבער אַפּ די האָר נאָך שוואַרצע,
מאָסקווע מײַנע, לידער-לאַנד, שטראָמען בלוט פון האַרצן!

איצטער זײַנען פּעגעמער פאַרשניטן אינעם פראָסט,
איצטער האָבן צאָרנדיקע ווזוואָדן זיך געלאָזט —
אַפּ די שפּורן ביטערע פון די יולייער שלאַכטן.
דערפעלעך פאַרכאַלעשטע, אויסגעבענקטע טראַקטן,
בערגלעך אַש בא כורוועס און פאַרקוילטע קליאָנען
בעטן בא די זעלנער, פאָדערן און מאָנען:

— גייט אַפּ מײַ עוו, האַרציקע, שיידט פון זיי די הויט,
זיי אַלע זאָלן פּייגערן בא א פרעמדן פלויט,
אַז נאָר די בייזע וויִוגע א שפּײַ טאָן זאָל אַפּ זיי
מיט א שאַרפן הויפן בלוט-געפלעקטן שנײַ!

1942 יאָר.

## מיטן פֿראָסט

נו, אַ פֿרעסטעלע, דער טײַװל זאָל עס נעמען!
אַלטער װײַסערכעװדעניק, װאַרט צו.
אָנגעברױגעזט דײַנע גרײַזע ברעמען —
כאַטש פֿאַרבײַס פֿון קלעמעניש די צונג!

שטאַרקער, שטאַרקער, זײדעשי, מײַן פֿראָסט,
אַזש די יאָדלעס טרישטשען זאָלן ביטער —
װוּ עס װעט דעם דײַטש נישט אָניאָגן מײַן שאָס,
דו פֿאַרסװישטשע אים, פֿאַרגליװער אים,
פֿאַרשיט אים!

הונדערט גראַם, קײן טראָפּן מער אין גלאָז!
אַלטער שיקער, קאָנסט פֿון בראַנפֿן טײַען,
מיר דאַרפֿן נאָך אין שלאַכטן גײן, מײַן פֿראָסט,
װי גוטע פֿרײַנט און װי סאָלדאַטן טרײַע...

לעכאַים, זײדעשי, און לאָמיר זײַן געזונט,
אױף צעפֿוקעניש פֿיקירנדיקע שפּאַרבערס!
מיר לעבן צוליב קילן װוּנד נאָך װוּנד
און צוליב קאָנען אָן כאַראָטע שטאַרבן.

1942.

## דער סוינע אױף דער מושקע

איצט האָב איך דיך־געטראָפֿן —
כ׳בין אױסגעװעזן װײלס איך װעלכע װײַט,
און מיט מײַן עלנט איז די ביקס געװאָרן פֿרײַנט...
געפֿױזעט צװישן שטײנער, שטעכלקעס און שפּליטער,
צעבײַלט און זיך צעבלוטיקט אַלע גלידער,
געװינטערט אױפֿן שנײ,
געזומערט אינעם שטױב,



דײַן אָטעם האָט מײַן זיסן שלאָף גערױבט,
דײַן גיפֿטיקער, דײַן פֿרעכער אָטעם
האָט מיר די פֿרײד פֿון אײגן לײַב פֿאַרשאָטנט.

דײַן מאַסק־כאַלאַט דיך היט ניט פֿון מײַן בליק,
דײַן קאַסקע — פֿון מײַן בלײַ, װאָס רוט ניט אין דער ביקס.
ס׳מעג שמײַסן אַ געװיטער, דרײען בײזן שנײ,
מײַן בליק איז טיף געשאַרפֿט אין סינע און אין װײ.
און אױף דער מושקע זיצסטו װי אַ שפּין.
קלײַב אױס פֿאַר זיך אַ קראָ און שיק זי קײן בערלין,
און זאָל זי אָפּטראָגן דײַן לעצטן קרעכץ צום װײַב...

דאָ לעם אָסינעס רוסישע אױף שטענדיק דו פֿאַרבלײַבסט,
זײ קוקן גליקלעכע: דײַן לעבן קלאַפּט זיך, װי אַ מױז,
פֿון דער פֿאַסקודנער הױט...
די לעצטע רעגעס, קוילער, צײל שױן אױס:
איך שיק צו דיר דעם טױט!

גזשאַטסק, 1943.

## דער אױסשפּירער

אױסגעמיטן, װי געװען מינירט,
געפֿױזעט אױפֿן בױך פֿאַרביטערט,
דורך שנײ און װױגע װער האָט אים געפֿירט
און אױסגעהיט פֿון בלײַ און שפּליטער?

— די טרײַע ליבע צו דעם הײגן קאַנט,
װאָס האָט געפֿײַערט מיטן האַרץ באַנאַנד...

און װען ראַקעטעס האָבן אים געזוכט,
פֿאַרשלינגענדיק די פֿינצטער די געגאַרטע,
צו דראָט־פֿאַרצױמונגען װי איז ער צו
און בײז צעשניטן זײ מיט הענט פֿאַרשטאַרטע?

— ער איז צוגעפאלן פעסטער צו דער ערד,
און זי האָט אים דערוואַרעמט אומבאַמערקט...

פון וואַכע וועכטער ווער האָט אים פאַרהיט,
זײַנע שווערע קערפּער אײַנגעהילט אין שאָטן,
ווען ער האָט מיט געוואַגטע טריט
די פרעמדע זײַט באַטראָטן?

— ניט קיין ווײַכער שניי און ניט קיין שוואַרצע נאַכט,
זײַנע יעדן טראָט די בענקשאַפט האָט באַוואַכט...

און ווער האָט יעדעס צווײַגעלע פאַרקריצט
און יעדן דײַטש פאַרצייכנט אין זיקאָרן,
און זיך ניט וואַרפן אַפּ סוינע ווי אַ בליץ
ווער האָט געצוימט אים און געוואָרנט?

— דער העכסטער הערשער איבער האַרץ און זינען —
געקאָמע-לעכצנדיקע סינע!

## צום בעדער

די טיר צעפּראַלט אין טיפן וואַלד,
אין טיפן וואַלד פאַרשנייטן —
מיר וועלן זיך אַ וואַש טאָן באַלד,
אַ רײַב טאָן איינס דאָס צווייטע!

מיר וועלן זיך אַ טויוול טאָן,
דער טײַוול זאָל עס נעמען!
נו, בעדער, קום אַנטקעגן אונדז
אַרויס מיט פולע עמער!



ס׳וועט ווערן נאַכט, מיר שפּאַנען דאַן
אַפּ שניי-שיך ווײַט אַוועק...
די אַוטאָמאַטן אַפּן האַלדז,
גראַנאַטעס — פול דער טאַש,
און בראַנפן רוסישער, אַ לעק,
איז אויך פאַראַן אין פלאַש!

וואַרעם אונטער, בעדער, טרוקן האָלץ,
דאָס קעסל זאָל זיך וואַרעמען,
ווער ווייסט, צי וועלן מיר אַמאָל
אַ באָד נאָך ווען באַדאַרפן!

אָ, ווי געשמאַק דאָס פרישע וועש
די ריינע לײַבער שפּירן!
צו יעקען פליען מיר אין געסט,
זאָל אונדז דער צאָרן פירן,
און קראָען זאָלן נאָכפליען
אַפּ דײַטשישער פּעגירע!..

מײַן בעדער, בלײַב געזונט און שטאַרק
אין טיפן וואַלד פאַרשנייטן.
דערצייל פון אונדז, אויב דיך דערוואַרט
אַ קרײַז אין שטילע פרײַדן...

## א-טרוים

עך, זיך אויסטאָן העכער-האלב
און צום ערשטן שניי ארויס,
ווי אין הימל-טיף — א שוואלב,
זיך א טוק טאָן פריש און בלויז!

ביז סאמע עקסטן פינגער
זאָלן אלע אייוורים זינגען!

ביז צו הייסע בלוטן-שפריצן
אײַנרײַבן דאָס לײַב מיט שניי —
אלע כושים זאָלן שפירן,
ווי די זאשפארעס פארגייען!

אָט אזוי זיך טאָן א לאָז
צו דעם שנײַדנדיקן פראָסט...

האָט א יונגער העלד געכאָלעמט,
קוים די אויגן צוגעמאכט...
ס'איז געווען זײַן לעצטער כאָלעם
פאר דער לעצטער שלאכט...

הינטער רזשעוו, 1942.



## מײַן זיידע

העפּיקער באָרד און פּייעס אפן ווינט,
מײַן גרײַזער זיידע שטייט אפ שליאכן היגע:
די מאָס פון שווײַגן ברעכט זיך שוין אצינד —
„גיי, הארגע אים, איך בענטש דיך אפ הארינגע!

און פרעג ניט קיינעם, ריינוואשן וועט ווער
דעם שמוץ פון פרעמדן בלוט אפ דײַנע הענט, —
דײַן מוטערס אויסגעבענקטע גליענדיקע טרער
האָט עס אפ זויבער לאנג שוין אויסגעברענט!

צײַטן, דורעס האָב איך אלץ געלעכצט
דאָס פולע גליק, וואָס דיר האָט מען געגעבן.
איז גיי פאר דעם אין פלאם, אפ מעסערשטעך,
דעם טויט פאראכטנדיק און ליבנדיק דאָס לעבן!"

די וויגע גוואלדעוועט און שלײַדערט זיך מיט שניי,
די וויגע ווערט קיין ווײַלע ניט אנשוויגן;
און איך, דורך דראָט-פארצוימונגען, איך גיי, —
געבענטשט האָט מיך דער זיידע אפ הארינגע...

## א שטורעם-ווינט

א שטורעם-ווינט, א ווירבל-ווינט, מע זעט ניט אפ קיין שפאן,
שוין פארשמיסן אלע שטעגן, — ברודער, גיב די האנט!
און ווײַטער קום, זאָל פירן אונדז די ווײַטע הארבע שײַן
פון העכסטן דין געלײַטערטן: אאין טאבאס אאין!

א שטורעם-ווינט, א ווירבל-ווינט, א כוישעך אפ דער וועלט,
קאלטע כמארעס אפ די אויגן האָבן אלץ פארשטעלט...
כוץ דאָס רעכט אפ שארבן-בראָך פאר מײַן גערעכטן פויסט,
און דאָס איז איינס אפ גאָר דער ווײַט
און גאָר, און שוין, און אויס!

יאָר 1942.

# דאָרשט

ווי אַ דאָרשטנדיקער וואנדערער אין מידבער
צו אַ פרישן קוואל,
טו איך צו מײַן קוילנוואַרפער,
טו איך מיט אַ זיסן זיפּץ
אַ פאל...

טרערלאָז איז מײַן בליק,
פאַרסאַרפעט!
נאָר אָפּגעזעצטע שטיקער זאַלץ
ליגן אַפּ די ווונדן פונעם האַרץ,
קויקלען זיך
און שטעלן זיך אין האַלדז...
פון אָט אַזאַ מין ווייטעקדיקער דאָרשט
כאָטש נאָר אַ קילן שאָטן צו געפינען,
העלפט מיר,
מעסער־שנײַדנדיקע סינען!

מײַן היימיש אַש
זיך שלײַדערט אום
אין הייסעווירבל-ווינטן
איבער גאָר דער ווײַט...
פאל איך צו מײַן קוילנוואַרפער,
שנײַד און שנײַד, און שנײַד!
נאָר ס'קילט זיך ניט מײַן בלײַ,
מײַן דאָרשטיקייט, —
מײַן בראָטנדיקע ווינד-און-ווײ
פאַרבלײַבט!

מײַ 1944.



# שטילקייט

ס'דאַכט, די שטילקייט פאַרן ערשטן שאָס
ליגט לאנג צעטראָטן אפּ צעבלוטיקט גראָז...

נאָר ס'טרעפט אמאָל אזוי אָפּ אַ פּריוואַל —
אַ שאַרפן קוק אַרום:
זילנער מידע, שײַטערס אינעם וואַלד,
אַ פּײַעפּיש-ווײַטע ליד נאָר עמעץ ברומט...

ס'לעבט ווידער דאָך די שטילקייט פון מײַן היים!
(קיין צווײַג ניט וואַגט קיין בלעטעלע צו וויגן.)
אין אַלע מײַנע גלידער וואַקסט געהיים
אַן אויסגעבענקטער ניגון.

...נאָר פּלוצעם זיך צעקײַכט אַ גרילצנדיקער טויט,
ניט ווײַט אַ מינע פּאַלט.
מיר טרייסלען אָפּ פון זיך דעם שטויב,
און ס'בלײַבט אַן עלנטע די שווײַגעניש אין וואַלד...

ס'באַקען שווערע גאַוביצעס-פרײַנט,
אוזש ווײַטן טוליען זיך צעשראָקענע אין גרויען...
זאָל דאָך ווען ווידער שטילקייט הערשער זײַן
אַפּ אויסגעווייטעקט האַרץ און אויער!

בא רזשעוו, 1943.

# האַרבסט

1

זאָל קומען אַהער, אינעם האַרבסטיקן וואַלד,
אַ לעקיש — אַ ווינטל, צעקלינגט ער זיך באַלד.

אַ שפּעטיקער שטראַל טוט אַ בלענדיקן מאָל,
אויף שפּיצן בעריאָזעס דאָס קופּער און גאָלד
און ס'פּלאַקערן דעמבעס אין זוניקער ליכט,
ברייטפּלייציקע שטיי'ן זיי פאַרטיפט אין זיך...

זיי קלערן אַוודאי: ס'איז ערגעץ אַ קריג,
און דאָ זײַנען וועלדער אין שטילקייט פאַרוויגט,

די שטעגלעך מיט בלעטערפאַל זײַנען פאַרשאָטן
און, שאָרכענדיק, שלינגען דײַן שפּור און דײַן שאָטן...

2

...טונקל איז געוואָרן אינעם וואַלד.
ערגעץ טליִעט נאָך אַ צייכן פון אַ שײַטער.
ערשט איז דאָ געווען אַ פּריוואַל,
און אַוועק זיי זײַנען ווײַטער, ווײַטער...

זאָל צוריקוועגס קומען ווער פון זיי
און אַ גאַנצן טאָג, ווי די שטילקײַט האָט פאַרהיט
זייער וואַרעם וואָרט און זייער ווײ
און דעם אָטעם פון אַ בענקענדיקער ליד...
שוין דער וואַלד אין טונקלעניש פאַרגייט,
לעצטע צייכנס פון אַ שײַטער טליִען.
זאָל צוריקוועגס קומען ווער פון זיי
און אַ הייב טאָן זײַנע מידע וויִעס...



# טרייסט

אַ וועלט כ'וואָלט אויסגיין, פאַלן אין דער פרעמד,
נאָר מוזן מוז איך דיר אַ טרייסט געפינען.
דײַן זונס צעפּליקט און דורכגעבלוטיקט העמד
האָט זיך אויף שטענדיק מיר פאַרשניטן אינעם זינען!..
...און ווען איך האָב אַצינד אונטערן קאָפּ אַ ווייכן קישן,
וואָלט איך מיט די ציין אויף שטיקלעך אים צעריסן,
און ווי אַ שטײַג פייגל וועגט פון הימלעכקייט געטרײַער
וואָלט איך צעבראָכן און אַרויס אין פײַער, —
ווײַל דו ביסט אָן אַ דאַך געבליבן,
פון טרייפעס אויפן שליאַך געטריבן...
דאָס ביסל סקאַרב אויף אַ צעבראָכן שליטל
און קוימענס נאַקעטע אינמיטן אַ געוויטער...
קיין טרער אין אויג. דאָס פּנים ווי פאַרשטיינט,
דער אַש פון דײַנע ווענט באַם ווינט איז אין די ציין,
און ס'טראָגט אויף שליאַכן זיך דער אַש פון דײַנע ווענט...
פאַרזען האָסטו: דאָס קינד איז טויט אויף דײַנע הענט...
די באָבעניו, די אייגענע, די ליבע —
אויף קאַטאָרגע, אויף אומקומען פאַרטריבן,
נאָר דיך האָט מען פאַרגעסן אויפן פראָסט,
דעם זון געטייט, דיר אויף די הענט געלאָזט —
זײַן העמדעלע צעפּיצלט און פאַרפלעקט,
נאָר אויגן דײַנע בעטן זיך: ניט וועקט!..
און ס'טוט אין מאַרך דײַן בליק זיך אַ פאַרשניט,
און הענט אויף אויטאָמאַטן — אַ פאַרשמיד...
קיין וואָרט.
מיר זײַנען דורכגעגאַנגענע שטומע
קאַסטרוי־געדיכטעניש פון שווערן שווײַגן.
אויב איינעם איז פון אונדז באַשערט צוריק צו קומען,
וועט איך די פולע טרייסט דיך ניט פאַרבײַגיין.

1942

## צוריק אַף מײַרעוו

בא בערגלעך אַש — בערינאָזקעלעך אַלײן,
ווי פרײַנט פֿאַרעלנטע בא פרישע קוואָרים...
דער טויט וועט נאָך צוריקשפאַנען צום ריין,
צום גרײַזן אויוועֶרבאָטלדיקן וואָרעם.

ווער קאָן פאַרגעסן יענע יולייער טעג,
וואָס האָבן אונדז געפלעט ווי שווערע יאָרן?
איצט וויקלט זיך פרימאָרגנדיק דער וועג
פון אונדזער ווייטעק און גערעכטן צאָרן...

ס'פרירן שפּעטע שטערן איבער שליאַך,
און איבער קוימענס נאַקעטע זיי צאַנקען.
כאַיאָלעס שטומע ציען זיך צום שלאַכט,
מיט שווערן האַס געווייטעקטן באַהאַנגען.

אַף שניי נאָך פרישן שרײַען פלעקן רויט,
און ס'גליווערן די דײַטשישע פּגאָרים...
צוריק אַף מײַרעוו טרײַבן מיר דעם טויט,
צום וויסטן ריין, וואָס פויזעט ווי אַ וואָרעם.

אַף רזשעוו, 1942.

## די לעצטע זעונג

טרייפ-פּאַרצעפּדיקע,
פּאַנען זיי און שפּאַנען...
וויפל זײַנען זיי,
פון וועלכער פינצטערניש,
פונוואַנען
פויזען זיי ווי לייכעצדיקע
גרינע פלעקן,



אַלץ, וואָס ליבער איז פון לײַב-און-לעבן,
אויסצומעקן.
און פּאַרגיפטן ראָס יעדער פון לונגען
בא מײַן ערד און הימל,
בא מײַן יוגנט...
טרייב-פאַרצעפּדיקע,
קריכן זיי און קריכן
צו מײַן אָקאָפּ...
אַ פיבערדיקן דריק איך צו מײַן קאָפּ
צו דיר, מײַן גרײַזע
נאָווגאָראָדער ערד, —
לײַבלעכע!
זאָל זײַן מיר דאָ באַשערט
אין פײַערדיקסטע קלעמען
אונדזער שיינע פרײַנטשאַפט
פאַר קיינעם נישט פאַרשעמען!..

אין ווינטער-שלאָף דער סאָסנע-וואַלד, דער שווער-פאַרקאָוועטער,
און בענקענדיקע גראָווע ברעגן לאָוואַטער
מעגן בלײַבן אייביקע,
וואָס וועלן שוועבנדיקע וויסן:
ניטאָ אַזאַ מין בלײַ,
וואָס קאָן פאַרשנײַדן מײַן געוויסן...

זיי וויקלען זיך אַרויס
פון רויך
אַלץ נעענטער, אַלץ נעענטער.
מיך יאָגט שוין
זייער שיקער סאָפּעדײַ,
און ס'וואַרט אַף אַלע ראַכוועסן פאַרברענטע
מיט אָטעם אײַנגעהאַלטענעם
די בײַט ,

זײַ שמיל, מײַנ אומגעדולד!.. אונ אַט! אונ פּלאצ
אינ פרײדיקנ געיאָמער
פונ די לעצטע דרײַ גראַנאטעס:
— נאט אײַכ!
— נאט אײַכ!
— נאט אײַכ!..

...סאָסנע-װעלדער ברויגעזדיק-פארשנײטע
אונ דער צאַפּנדיקער לאָװאט,
װי מײַנ גרײַזער זײדע
אפ א סימכע,
לאָזנ זיכ אינ טענצ...
ערגעצ, דאכט מיר,
דינע פידל-סטרונעס
פלעכטנ אויס ניגונים-קרענצ,
שפּילנ די ניט אויסגעשפּילטע,
אלע מײַנע
פינפ אונ צװאנציק
זיסע זומערס...

אונ ס'פארגײט אינ רויש פונ פרישנ גראָז
מײַנ צאר אונ װײ,
מײַנ בלוטיקער פארדראָס.
אונ אינ בלויענ שװאלבנ-לאָשנ,
אינעם פלאפל פונ די פלאצנדיקע קנאָספּנ —
לעצטער, טויבער
באטארײע-דונער
װערט געלאָשנ.
אונ דאָרטנ פונקט,
װו די גראנאטע איז געפאלנ,
איבער פגאָרים דײַטשישע צעפליקטע,



פונ דער פינצטערניש צעשפארטער,
שװעבט ארויס
מײַנ הארציקסטע, מײַנ קאלע.
א באגליקטע
לאכט זי...

װי כװאליעס האָר,
פונ דאָרעם-װינט געצערטלט,
פלעקנ זונ אפ צאפלענדיקע גלידער,
איבער אש אונ שלאכט אריבער.
זי, — מײַנ אויסגעבענקטע,
מײַנ באשײדטע,
זי, — מײַנ ליד פונ אלע לידער — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

די לעצטע זעונג פונ א רויטארמײער פאר'נ שטארבנ
פרוּוו איכ אינעם הארצנ אײַכ פארקארבנ...

מאָסקװע, מײַ 1944.





# דעם ברודער

1

שוינ פארסאָרפעט ווי געוועזן א טרער,
איצטער ברענען טרוקן מײַנע אויגן...
ברודער, ס'וועט מײַן בלוטנדיקע ערד
נאָך פאר דײַן סאָלדאטסקע רום זיך נויגן.

אָך, ווי ס'טוט מיר וויי
מײַן דאָרשטיקע, מײַן אומרויִקע סינע! –
דײַן שטאַרקן שמייכל, וואָס געשײַנט האָט אזוי ריין,
האָבן אויסגעלאָשן קרעציקע קרעטינען...

יעקעס, פעסט פון שוואַרץ־פארפלוכטן ריין!
אלץ, וואָס איז אונדז ליב, זיי לעכצן שעכטן...
סרייפעס... אויגן גלאָמפן אין רעציכע זיך פארגיי'ן —
פרעסן וויל די בלאָנדע שליוכע גרעטכען.

אלץ וועל איך פארגעסן און באצוימען
כוץ מײַן איינציקן, מײַן בראָטנדיקן ווילן:
נאָך די שפורן בלוטיקע פון סוינע
וועל איך נישטערן, די פרישע וווּנד צו קילן...



אָן אַן אוי[illegible]ביטל, קרירעדיק־פארשטיינערט
טייטן, טייטן, טייטן וועל איך שטומ!..

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס'וועט מײַן לאנד ניט נייגן זיך פאר קיינעם,
כוץ פאר דײַן סאָלדאטסקע רום!

2

ער איז געוועזן א מענטשלעך־פּראָסטער ייִד,
מיט ברייטע פלייצעס און מיט זינגעוודיקע אויגן.
אליין די פרייד האָט אין זײַן הארץ געבליט
און ווי א פריילעכס אלעמען געצויגן.

און ווען דער דײַטש האָט אונדז דעם טויט געבראכט,
מיט פײַערדיקע קלעמען אונדז באריגלט,
איז ער, ווי פיל, אוועק אין פלאם פון שלאכט,
צוריקטרײַבן דעם טויט אף די באצווינגערס.

זײַן סינע איז געוועזן טיף געשארפט,
בליק אף מײַרעוו, הענט פארקלעמט אין וואָפן.
אזוי איז ער געפאלן, ווי א גוואר,
ווען ס'איז דער טויט זײַן פרישן ווענ פארלאָפן.

מיט ווארעם לײַב־און־לעבן וועל איך גיין
אנטקעגן פײַערשפּײַ פון סוינעס אמבראזור.
קיין גרעסער גליק באדארפ מען גאָר ניט מיינ,
ווי פאָרזעצן אן אָפגעהאקטן שפור.

קאָווראָווער שפיטאָל, סעפטיאבער 1942.

# אינ פיבער

זײַנען צו מײַנ בעטל זיך צונויפגעגאנגענ
די בלייכע ווענט
(נאָך בלאסער פונ מײַנ שאָכנס
האלב-פארבינטעוועט געזיכט...),
אונ פלוצעם האָט א פינצטערניש געדיכט
א פאל געטאָנ
צו אומרויִקע שלייפנ...
אונ ס'בושעוועט א שווארצע סרייפע.
אירע שטומפיקע אונ כוישעכ-טיפע צינגער
האָבנ אלצ פארשלונגענ,
האָבנ אלצ פארברענט.
נאָר מער פונ אלצ
מיר האָבנ באַנק געטאָנ
מײַנ מאמעס ווארעמע, פארזאָרגטע הענט...

...אונ ווידער נאכט אפ נאסנ שניי,
אפ בלוטיקער, אפ „קיינעמס ערד".
מײַנ ברודער...
קוקט, קוקט:
זײַנ שפור אינ שניי זיך צוקט,
אונ ווי א רויכעלע
זײַנ הייסער אָטעם אפנ פראָסט פארגייט...
הערט, הערט:
אפ ליפנ זײַנע בלוי-פארשפארטע —
דער פארשוויגענער,
דער לעצטער זיפצ,
אונ ס'טיאָבקעט, בענקענדיק,
אינ בוזעם-טאַש בא אים
א ניט-דערשריבענער, א שטילער בריוו...



די שווערקײַט פונ דײַנ קערפער
פיל איכ ניט אצינד.
איכ טראָג דיכ, ברודער,
ווי א שמייכל טראָגט אפ זײַנע ליפעלעכ
א קינד...
הארציקער, דײַנ ווּנד מיכ קלעמט —
מײַנ שארבנ, זע, זיך שפאלט!
אָט איז א ריטשקעלע, —
דײַנ הייסנ קאָפ
כ'וועל אָפשווענקענ מיט פרישנ וואסער
(זאָל דאָס בלוט אראָפ),
אונ איבערבינדנ מיטנ העמד...
קרעכצ ניט, נארעלע, מיר פויזענ ווײַטער באלד...
שפעטער,
איידער נאָכ מיר האָבנ זיך געלאָזט
אינ וואקסנ אונ אינ וואָגלענ,
קינדווײַז,
האָסטו אפ די פלייצעס מיכ געטראָגנ:
— קויפט א זעקעלע, א זעקל מעל!..—
איצטער — דיכ איכ טראָג
(מיט בלײַ די קלאָווים האָגלענ...),
די מאמע, א פארדײַגעטע,
ווי פלעג זי זאָגנ:
— וואָס האָט אײַכ געפעלט?..—

(האַיאָר האָט זיך מיר געדאכט —
די ראָצכים האָבנ זי צום צווייטנ מאָל געקוילעט.
א טאכלעס פונ א קינדהײַט — אש אונ קוילנ...
אונ אויסגעוויזנ האָט זיך מיר
נאָכ הײַנט באנאכט,
אז ווו א שטעגעלע צו יענע ווײַטע יאָרנ,

איז עס געדיכט
מיט רויטנ ווילדגראָז
צוגעדעקט געוואָרנ...)

א זאָג א ביסל — „וואָס האָט אײַכ געפעלט",
דער אָטעמ האָט אונדז אויסגעפעלט פונ צאר.
מיט גרינגער גאל ז'פארקנאָטנ יעדער ביסנ —
א וועלט אונדז פעלט,
אונדז פעלט,
אז ווידער גליקלעכ זײַנ
זאָל זי,
מײַנ רעגנבויגנדיקע וועלט!
אונ ביזנ ביינ
אונדז עגבערט דאָס געוויסנ:
ער דעכנעט נאָכ, דער דײַטש,
ער שעכט אונ ברענט
אונ שענדט,
פונ יעדער כורווע יעקעס פארצעפ שפארט...
הארציקער, דײַנ שלעכטער הוסט מיכ ווארגט,
טײַערער,
איינציקער מײַנער,
דו הערסט?
זאָג מיר, זאָג מיר,
וואָס איז דײַנ באגער?..

אינ מײַנע שלײפנ שלײַדערט זיכ דײַנ בלוט,
אונ פונ דײַנ צאָרנ פלאצט אפ מיר די הויט,
שוינ ביזנ האלדז דערגאנגענ איז די נויט,
מיר זאָל די דײַטשישע פעגירע שמעקנ גוט!..
ברודער לעבנ, שלאָפ שוינ אײַנ בארוט,
מיר האָט נאָכ געכאָלעמט זיכ דײַנ טויט...



אונ איכ וועל מיט א וויגליד
פאַטרײַבנ פונ דיר דעמ בייזנ כאָלעמ.
זע, פאוואָלינקע, פאוואָליע,
די נאכט אפ נאסנ שניי
אינ כוואליעס פײַערדיקע שוינ פארגייט,
ווי גלײַכ א וונדערשיפ אינ ווײַטנ וואנדער...
שפאר שוינ, שפאר שוינ אופ די אויגנ
אונ זע די בלייכע ווענט,
זײ גייענ אויכ ווי שיפנ זיכ פאנאנדער,
אונ ס'פלאטערנ ווי שטילע פייגל
ווארעמע, פארזאָרגטע הענט...

אירקוטסק, מײַ 1943.

## מײַנ טרײַע שוועסטער

דו האָסט מיר דעמ ווייטעק פארעדט
אונ ווייכ דאָס געלעגער געבעט.
געשטאנענ ביסטו בא דער קלאָר־ווײַסער טיר
אונ געטריבנ דעמ אומגליק פונ מיר...
אונ ס'האָבנ זיכ שלייפנ געשלײַדערט פונ היצ,
אונ ליפנ געבעטנ זיכ: זיצ!

דו האָסט מיר, מײַנ טרײַע שוועסטער, דערמאָנט
אינ היימישנ רייעכ פונ סטעפישנ מאָנ...
דער מאמעס א ניגנ אינ פרישקײַט פונ וואלד,
דעמ ניגנ, וואָס קומט אפ א קורצנ פריוואל...
ווי ווײַט איז מײַנ קינדהײַט! אונ איכ האָב דערקענט
די ווארעמע, שטילע אונ היימישע הענט...

די ווונד האָט מיר ווײ געטאָן דאַן,
ווען דו ביסט אוועק אַפּ אַ שפּאַן,
און ס'האָבן זיך שלייפֿן געשלײַדערט אין שרעק,
און דאָס האַרץ האָט געבעטן זיך: גיי ניט אוועק!

ברענג מיר כאָטש וואַסער קילע אַ טרונק,
דאַן וועל איך דערפֿילן — כ'בין דאָרשטיק און יונג.
און ווידער שוין זינגען די גלידער מיט וועסנע,
מײַן טרײַע, מײַן גוטע, מײַן אייציקע שוועסטער!
די האָר פֿון מײַן טויקן שטערן פֿאַרשאַר —
און דער טויט וועט בעמיילע שוין בלײַבן צום נאַר...

.1942

## זאָל שוין גיכער...

זאָל שוין גיכער אָנקומען דײַן בריוו
מיט שורעס צאַרטע—פֿייגל פֿון מײַן גליק.
ער קאָן פֿאַרזיסערן מײַן לעצטן זיפֿץ,
אויב כ'וועל זיך ניט אומקערן צוריק...

איך ווייס, די אויגן דײַנע שמעקן אַלץ מיט בעז,
וואָס טרייסלט אָפּ פֿון זיך דעם ערשטן רעגן...
נאָר וועגן קומען מײַנעם דו פֿאַרגעס
בײַ אונדזער ליבשאַפֿט פֿרעגן...

מיר, זעלנער, שווימען אין די פֿלאַמען טיף,
ווי אין יאַם אַ שיף.
שטילע ברעגן לאָזן מיר פֿאַרבײַ...

— — — — — — — — — — — — — — —

זאָל כאָטש גיכער אָנקומען דײַן בריוו, —
דעם וועג פֿאַרלויפֿן קאָן אַ שטיקל בלײַ!..

אונטער מאָסקווע, 1941.



## ווײַל דו האָסט מיר געפֿעלט

1

אַזויפֿיל פֿרײַנט, און איך בין עלנט
אָפּגעגאַנגענע הײַנט פֿון שײַטער...
צווישן אונדזער צאַרטער טרײַהײַט, עמע,
ליגן אָנגעוואָרפֿן שווערע ווײַטן!

ס'וויקלען זיך אין בײַזן דויך די וועגן.
צווישן אונדז — אַזויפֿיל טויט און אומגליק.
ועמען קאָנסטו, נאַרעלע, דען פֿרעגן,
ווען וועט ער, צו אַלדי רוכעס, קומען?..

און איך וועל ניט לייקענען, איך ווייס נאָר,
דײַנע שפּורן טרײַבן מיך אין פֿײַער.
ווינט-און-ווײ אין זיבן קאַלטע שוויַיגן
[illegible] אידעס, ווי דו ביסט מיר טײַער.

2

קאָן דען ווער אַ צווײַגן-שאָרך פֿאַרגעסן
פֿון דער שאָ, וואָס האָט אַפּ לאַנג [illegible]
אונטער שווײַגנדיקע פֿײַן-געשניצטע שלעסער
וואַרטן פֿולע רעגנבויגנס פֿרייד...

וואַרט אַ ווײַלע, ווי זשע וועט עס טרעפֿן,
לאָמיך זיך דערמאָנען, ווי איך שפּיר:
יעדער צווײַגן-שאָרך וועט נאָכזאָגן מיר: עפֿן!
ווען איך וועל אַ קלאַפּ טאָן אין דײַן טיר...

פֿון דער שטילקײַט עטוואָס אַ פֿאַרטויבטער
וועל איך פֿאַלן פֿאַר דײַן אויסגעבענקטער שוועל —
אויסגעהיט פֿון אומקום און צעשטויבונג
נאָר דערפֿאַר, ווײַל דו האָסט מיר געפֿעלט!..

.1942

## אין כאָלעם־קרײַז

א מילדע קומט אין מײַן שווערן שלאָף אַרײַן,
די קורצע רעגעס פונעם שלאָף, זיי ווערן פול,
ווי בעכערס גאָלדענע מיט אויסגעשפּילטע ווײַן,
ווי לונגען דאָרשטיקע מיט לופט...

און ווידער, ווידער פונקט ווי אפ דער וואָר,
טראָג איך דיך אפ גליקלעכע און פעסטע הענט...
אין פרייער פאַרגעס איך: שוין דאָס דריטע יאָר
קאָן איך נאָר אין כאָלעם דיך דערזען...
איך טראָג דיך דורך די טעדער ווי אמאָל,
ווי א נעשאָמע־ניגן פון א רעגנבויגנדיקער וועסנע,
איך טראָג מײַן אויסגעכאָלעמטן, מײַן טרײַען אָל:
מײַן איינציקע, מײַן הארציקע, מײַן בעסטע!..

נאָר ס׳טרעפט: אינמיטן האָסטו מיך פאַרלאָזט,
איך שלײַרער זיך ארום און קאָן דיך ניט געפינען...
פאַרקלעמט מיך דאַן אזא פאַרביטערטער פאַרדראָס,
גלײַך א דײַטש א ברודיקער וואָלט זיך פאַרשטאָכן אין מײַן זינען.
איך פויזע דאַן דורך קנייטשן פון מײַן מארך,
איך וואָגל דורך דעם סאַרפּענדיקן הארצן:
ווו נאָר א שטעגל, זאָל עס ווערן אופגעשפּאַרט
און זאָל א בראָך טאָן זיך די שווארצקײַט.
ווי דראָט־פאַרצוימונגען צעבײַס איך בייז
די בלינדע פינצטערניש, די וואַרגעניש די ווילדע,
ביז דער פרימאָרגן טוט אפ מיר א שטילן פלייץ,
ביז איך דערהער פון הער א שלאַנקע וועסנע שפּילן...

איך ברעך זיך דורך! די הענט און פיס
צעבײַלט, פאַרוווּנדיקט און געשוואָלן.
איך ברעך זיך דורך! נאָך הײַנט איך מוז
דיך אָנקומען צו כאָלעם!..

מאַרט, 1943.



## צום קינד

אויב ס׳וועט דער טויט פֿאַרגײַן מיר איבער די אויגן,
אומעטיק פאַרהאַקן מיר די ציין,
וועט פלאַטערן א וויגליד ווי א פויגל —
דאָס געדעכעניש פון מײַן געביין...

ס׳וועט פלאַטערן, ס׳וועט פלאַטערן דער ניגן
בא דײַן וואַרעם־מיאָכקענדיקן וויגל,
און אויסשפּרייטן א שטילן שאָטן
פון דער מאַמעס ליפּן צו דײַן אָטעם...

שלאָפלאָז מײַן געזאַנג וועט ווי א וועכטער
וואַכן פון דער נידער ביזן הימל,
קיינער זאָל ניט וואַגן מער צעברעכן
דײַן פרילינגדיקן דרימל.
קיין אײַנהאָרע זאָל מען דיר ניט געבן,
ייעך איך אויסגראַבלען די בייזע אויגן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳וועט אלס אָנדענק פון מײַן לײַב־און־לעבן
פלאַטערן א וויגליד ווי א פויגל

## פרײַנט

אזויפיל פרײַנט האָב איך פארלאָרן
אינמיטן גענעמדיקן גיין,
אז אויך אפילו מײַן געביין
פון אומרו וועט ניט זײַן באוואָרנט.

פארקארבט אפ קיינמאָל ניט פארגעסן
די ביטערניש פון יעדן שניט,
דעם הארבן ווײ אפ טריט און שריט...
געטיילט אין שלאָפלאָזע מעסלעסן —
די ערשטע וווּנד, דעם לעצטן ביסן,
געפאר און פײַער, ווינט און פראָסט...
אזא מין פרײַנט ווען דיך פארלאָזט,
ז'ווי פלייש פון לײַב ארויסגעריסן...

נאָך יעדערן איז נאָכגעגאנגען
דער טרײַסטער שײַטער בא א שליאַך,
א היימיש פענצטער אין דער נאכט,
א וועלט מיט בענקשאפט און געזאנגען...
און פיל פון זיי האָב איך צעזייט
בא וויאזמע, רזשעוו און סעוואסטאָפּאָל.
דער שטיין, וואָס איז געווען בא זיי צוקאָפּנס,
געדענקט נאָך זייער האס און פרייד...

די ליפּן האָב איך היינט פארקלעמט,
פארפרענטעוועט פאר לעצט געשריי
און שפאן פאראקשנט, פונקט ווי זיי
זײַנען געגאנגען, אין די הענט
דאָס טרײַע וואָפן.

1943.



## ווידער...

שטעל א גאָלדן קריגעלע אנידער,
ווידער בלוטן מײַנע ווונדן לידער...

ווי אן אויג זאָל פול ווערן דאָס קריגל:
שוין אזויפיל צאר האָב איך פארשוויגן!

זאָל מען מיטן מענטשן-הארץ עס מעסטן,
זאָל מען וויסן, זאָל מען ניט פארגעסן
יענע גענעם-טעג, ווען מיר זײַנען פון זינען
ניט אראָפּ, דאָס אויג איז ניט צערונען...
יוליער טעג פארקריצטע אין זיקאָרן,
ווען מײַן טרײַהײַט איז דורך טויט
געפּרוווט געוואָרן,
ווען מיר זײַנען אָפּגעטראָטן מידע...

ווידער בלוטן מײַנע ווונדן לידער.

אויב סע טליעט נאָך א פונק פון לעבן,
זאָלן מענטשן קיינמאָל ניט פארגעסן
ניט קיין שטעט, צעשטויבטע אפ די ווינטן,
ניט קיין דערפעלעך, פארוואנדלטע אין צווינטערס,
ניט קיין קינדערלעך, געשאָכטענע אין ריוון,
ניט קיין פלעק קיין מינדסטן אפ מײַן ליבער.

זאָלן מענטשן הערן און ניט וויסן
פון קיין די און פון קיין זיסן ביסן,
פון קיין ציעניש צו שטילע ברעגן,
זאָל מען שפאנען אפ די סארפענדיקע וועגן,
זאָל מען שפאנען, זאָל מען זיך ניט הײַען,
און די סאָנים אויסברענען מיט פײַער.

אויב קיינ קוילנ וועלנ אייך ניט קלעקנ,
גייט אפ שארבנבראָך מיט פרענט אונ שטעקנ!

אויב געבליבנ זיינענ בלויז די פויסטנ, —
די אויגאנעס מיט די נעגל גראבלט אויס אימ!
אונ אפילע אויב אָנ הענט געבליבנ, —
מיט די ציינ דעמ גאָרגל בייסט אימ איבער!..
אינ די ביינער זאָל דער מארכ פארזידנ!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווידער בלוטנ מיינע וווּנדנ לידער...



# אינהאלט:

---

И. Керлер
За родную землю.
Редактор *Э. Фининберг*. Обложка, заставки и концовки худ. *И. Тененбаума*.

Л. 53012. Подписано к печати 13/IX 1944 г. 1,5 п. л. 1,5 уч.-изд. л. Тираж 4000 экз. Заказ 1240.

Типография Госэнергоиздата, Москва, Шлюзовая наб., 10.

